מיטגליעדער פון קאָבינעט. פון די פאַפּיערען, וואָס מען האָט געפונען ביי בוטען אין טשעטאראָן, האָט זיך ענטדעקט, אַז לינקאָלנ'ן צו ערמאָרדען האָט מען במחשבה געהאַט נאָך פאַר'ן פאַלען דעם גענעראַל'ס לי'ס חיל; עס האָט נישט אויסגעהאַלטען דער פּאַר, ווייל אַנדערע אַנטהיילנעהמער בוטס האָבען זיך ענטזאָגט צו ערפילען עס ביז מע וועט בעקומען ענדליכע אָנווייזונג (אינסטרוקציא) פון ריטשמאָנד, וואו עס האָט זיך געפונען דער רעגיערונגס־מיטעלפונקט פון די קאָנפעדעראַטען.

פול וועה און קלאָג איז דאָס לאַנד יעצט געוואָרען, און קיין אָהנליכעס, ווי עס שרייבט איינער פון לינקאָלנס לעבענס־בעשרייבער, איז נישט אוים געקומען צו זעהן. „אומעדום איז געווען אַ חשך, פערצווייפלונג און טרויער. מאַנזבילען האָבען אָפענטליך אין די גאַסען געקלאָגט; פרויען האָבען געשלוכצעט, שטעהענדיג מיט די קינדער אויף די שוועלען פון די הייזער, און בעקאַנטע פלעגען זיך אויף דער גאַס צושטעלען, אָנפאַנגען רעדען, איבער רייסענדיג זייערע שמועס'ן מיט'ן וויינען. איך האָב קיינמאָל נים געזעהן איין אָהנליכעס פון ערנסטען מענשען־אַננכט. איין אונגעהייערע מענגע האָט זיך בעוועגט איבער די גאַסען אין פילאַדעלפיע, פערשטומפיגט, פערשטיינערט, נים ווייסענדיג וואָס און ווי צו טהון פאַר וועה, אַלע האָבען גע־פילהט דעם גרויסען „בראָך". אָבענדצייט איז שוין די גאַנצע שטאָט אין טרויער געווען.

נאָר ערגער האָט דאָס פערצווייפלונג און וועה ניט געשטיינט אַזוי, ווי צווישען די בעפרייטע נעגרען: פאַר זיי האָט דאָך אבראַהאם לינקאָלן זיין לעבען געאָפּפערט! זיי זענען פולל געווען אין די גאַססען און האָבען פערהילכט אַלעס מיט זייער יאָמער'ן; זייער צער האָט זעהר לאַנג איבער געלעבט דעם פּרעזידענט'ס טוידט.

דער צער, וואָס לינקאָלנס טוידט האָט מיט געבראַכט האָט זיך ניט באַגרענצט נור מיט די פעראייניגטע שטאַאַטען: אַלע געבילדעטע לאַנדער האָבען זיך פעראייניגט אין דעם אַלגעמיינעם אויסדריקען מיטגעפיהל און מיטלייד איבער דעם

טוידט, אללע האָבען אנערקאַנט, אז דער טוידט פון אזא מאן, ווי אבראאם לינקאָלן — איז אַ היזק פיר דער גאַנצער וועלט, אונ דאָס וועה נאך איהם איז איין אַלגעמיינער.

פיעלע פריינד זיינע האָבען געפאָדערט, דאָס מען זאָל איהם מקבר זיין אין וואַשינגטאָן; נור דער שטאאט אילינאים האָט אַרוים געצייגט זיינע זיכערע רעכטע אויף דעם, אז דער בעסטער בירגער זיינער זאָל בעגראָבען ווערען אויף זיין ערד, אונ מען האָט עס איהם נאָכגעגעבען.

נאָך דעם, ווי מען האָט אין וואשינגטאָן, איהם „אֵל־מלא־רחמים" געמאַכט אונ דאָס גאַנצע לאַנד האָט טרויער געהאלטען דעם טאָג, האָט מען דעם אָרון אויף דעם וואַגאָן אַרויף געלעגט, אונ אָבגעפיהרט קיין אילינאָים.

דאָ, אין ספרינגפיעלד, וואו זיינע בעסטע יאהרען זענען אַ דורך, וואו ער האָט זיין געזעלשאַפטליכע טהאָטיגקייט אָנגע־הויבען, רוהט צווישען גוטע פריינד אונ בעקאַנטע דער גוטער פרעזידענט.

